משה סטרונאטש.

# לידער פון נעכטן און היינט.

פארלאג „קולטור“
ניו־יארק
1922

געווידמעט דעם הייליקן אנדענקען
פון מיין יונגן ברודער
יצחק יוסף באקאליאר,
וועלכער איז אין לעצטן קריג
פארלארן געגאנגען.

## והיה באחרית הימים...

...און זיין וועט עם דאמאָלסט אין ענד־ווייט פון יאָרן,
ווען אויסגיסן גאָט וועט זיין פלאַמענדן צאָרן
אויף מענשן פאר זייערע זינד,
און וועלן פאַרווישן די מענשהייט אין שטורעם,
און וועלן פארניכטן דעם גאַנצענעם טורעם,
פארלענדן אין רויך און אין ווינט;

ווען אויפהויבן וועט זיך די זינד צו דער שטופע,
ווען ס׳העלפט שוין קיין סגולה און ס׳העלפט ניט קיין תרופה,
פאַרזונקען אין בלאָטע און בלינד,
און אומגיין וועט נאַקעט, ווי הינט, אין די גאַסן,
פאַרשייט ווי אַ חצופה און ווילד־אויסגעלאַסן
און שלעפן אי טאַטן אי קינד;

ווען אויפהויבן וועט זיך צום הימל און טראָגן
דער קול פון אלמנה, פון יתום דאָס קלאָגן,
וואָס זיינען פון רייכן בארויבט,

און פלאצן צוזאמען מיט זיי וועלן קלאנגען
פון שפּאַטיש געלעכטער און שכרות-געזאַנגען
פון הערצער וואָס בלייבן פאַרטויבט —

פאַרוואַנדלען וועט גאָט דאַן אין שטורעם אין יענעם
די ערד אין א ווילדן און שרעקלאַכן גהנום,
פאַרגיסן אין צונטער און גלוט,
און קרעמפּפן די ערד וועט אין גסיסה אין לעצטער
און קאַרטשען זיך ווילד אין איר קלייד, דער פאַרנעצטער
פון טייכן פאַרגאָסענע בלוט...

---

...און ס'וועט גאָט אין יענע די שרעקלאַכע צייטן
די הערצער פון מענשן אין אייזן פאַרבייטן,
אין אייזן אין גליענדן רויט,
און ס'וועט גאָט די מענשן אין חיות פאַרקערן,
אין חיות אין ווילדע וואָס זאָט גאָרניט ווערן
און דורשטן נאָך בלוט נאָר און טויט.

פאַרלאָזן וועט דאַמאָלסט דער פרידלאַכער פּויער
זיין פעלד ניט באַארבעט — אָן זאָרג גאָר און טרויער,
פאַרלאָזן זיין פריינט וועט — די ערד,

און אויפפלאַמען וועט אין זײַן אויג אַזאַ פלאַקער,
צובּרעכן וועט ווילד ער זײַן אײנציקן אַקער
און מאַכן פון אים וועט אַ שווערד.

און נמאס וועט ווערן דעם שמיד אויך דער פרידן:
אַ לעבן אין קוזשניע — נאָר שמידן און שמידן,
אַ יונג — אַזאַ הויכער, אַ ריז!
און צו־וואָרפן פריילאַך וועט קוילן, ניט שפּאָרן,
און אויפבּלאָזן וועט ער אַ לעצט מאָל דעם האָרן
און אויסשמידן פאַר זיך אַ שפּיז.

און אויפהערן וועט אויך דער סוחר צו האַנדלען,
פאַר׳מאוס׳ט וועט ווערן אים שטענדיק צו וואַנדלען
און צאָלן פאַר סחורה מיט גאָלד;
און אײַנפאַלן וועט אַ געדאַנק אים אַ נײַער:
ווי וואָלט ער געלעבּט דאָס גאָר זאָרגלאָזער פרײַער,
ווען ער וואָלט פאַר גאָרנישט געצאָלט.

און ס׳וועט גאָט אין יענע די שרעקלאַכע צײַטן
די שטילסטע פון שטילע אין ווילדסטע פאַרבּײַטן,
די צאַרטסטע צעווישן די שאָף.
באַקומען די שעפּס אָנשטאָט הערנער וועט נעגל
און לוגן וועט שפּעט אויף אַנ׳אײַנזאַמען שטעגל
און צוקן אַזוי ווי אַ וואָלף.

און ס׳וועט גאָט די סטאַדע די רואיקע שוואַכע
פאַרוואַנדלען אין אַנגרייפער פלינקע און וואַכע,
באַוואָפנט מיט דרייסטקייט און מוט,
און ווערן די ציג וועט א פּלוצלונגער קריגער
און שאַרפן די ציין ווי א בלוטיקער טיגער,
און זוכן פאַר שפּייז וועט נאָר בלוט.

און ס׳וועלן די מענשן זיך זאַמלען אין האָרדן
און רויבן און צינדן און פלינדערן מאָרדן
און פאַרבן די ערד נאָר אין רויט,
און בלאַנקען אין נאַכט וועלן בלוטיק די שווערדן
אויף מאָלצייטן ווילדע פון ווילדע באַהערדן,
אויף שמחות פון בלוט און פון טויט.

און רויט וועלן אויפגיין צום הימל די פלאַמען,
צושפּרייטן זיך ברייט ווי צוגאָסענע ים׳ען,
און פלעכטן פון צונגען א קנויל,
און אויפגיין אין שרעקלאַכן קראַמפּהאַפטן ווייען
עס וועלן צום הימל דעם מענשנס געשרייען
און פּלאַצן פון ווילדקייט און גרויל...

---

...און זיין וועט עס דאַמאָלסט אין ענד-ווייט פון יאָרן
ווען ס׳וועט זיך דאָך שטילן גאָטס פלאַמיקער צאָרן:

באשטראפט שוין דער מענש פאר זיין זינד —
וועט אויפשטעלן ווידער א וועלט ער א שיינע,
א זוניקע גאלדענע גליקלאכע ריינע,
און נעמען דעם מענש פאר זיין קינד...

# דער שטורעם.

דורך נאַכט ציט דער שטורעם,
דורך פינסטער און שטיל,
און יאָגט זיך און טראָגט זיך
אַלץ נענטער צום ציל.

עס זעט אים, עס הערט אים
דאָך קיינער ניט מער,
נאָר ס׳שפּירט וואויל זיין אָטעם
ווער ס׳האָט אַ געהער.

און ס׳טראָגט זיך אַ ווינטל
א שטילס און עס ווייט:
דער שטורעם דער גרויסער
ניט ווייט שוין — ער גייט.

און ס׳שניידט דורך א פויגל
א שווארצער און ברומט:
אָט איז ער, אָט גייט ער,
ער קומט שוין, ער קומט...

# די שׂרפה.

אין א מיטן טאָג א שײנעם,
א העל־זוניקן און גאָלדן־רײנעם,
האָבן זיך די קלויסטער־גלאָקן
פּלוצלונג זיך צוקלונגען.

זיך צוקלונגען און צוקלונגען,
און מיט ליאַרעם שווער געקלונגען,
און אין האַרץ צו יעדן אײנעם
טיף אַרײַנגעדרונגען.

פון די הײַזער, פון די שטאָקן,
אינ׳ם ליאַרעם פון די גלאָקן,
קוקן מענשן ווילד דערשראָקן,
פרעגן אַלץ, וואָס האָט געטראָפן.

פון די הײַזער, פון די הויפן,
פענסטער, טיר געלאָזן אָפן,
שפּאַרן מענשן זיך און לויפן
זען וואָס האָט געטראָפן.

אויפ'ן מארק־פּלאַץ שטייט דער וועכטער
רופט און שאַלט מיט זיין טרומייטער,
ביי דער זייט דאָרט ביי דער רעכטער
שרייט, טראָמפּייטערט שוין אַ צווייטער.

אין אַ ווייט און זייטיק געסל
האָט אַ הויז זיך אָנגעצונדן,
און עס האָט דאָס פייער גלייך זיך
אין אַ שרפה גרויס פאַרבונדן.

ס'האָט דער פלאַם גענומען טראָגן
פון דעם ערשטן הויז צום צווייטן,
און גענומען באלד זיך יאָגן,
שפּרינגען, היפּן און זיך שפּרייטן.

ס'רייסן העכער אַלץ די גלאָקן,
ליאַרעמדיק און שווער־דערשראָקן,
ס'לויפן מענשן אין די זאָקן —
אָנטאָן שיך פאַרגעסן.

נאָר עס טראָגן זיך די צונגען
טיפער, ברייטער אַלץ געדרונגען,
ווי פון גלאָק וואָס האָט געקלונגען —
ס'לאָזט דעם פייער זיך ניט לעשן.

און אלץ ווייטער און אלץ ברייטער,
און אלץ טיפער, אלץ צושפרייטער,
שפרינגען אלץ די רויטע צונגען,
טיף און ווייט אין שטאָט געדרונגען.

ס'האלט דער פייער אין איין פרעסן,
גאָר קיין האָפנונג איינצולעשן,
ס'לויפן מענשן, שטויסן, פרעסן —
רעטן וואָס מען האָט פאַרגעסן.

און דאָס פייער שפרינגט אלץ העכער,
איבער הויפן, איבער דעכער,
גלאָק און קלויסטער אויך אין פלאַמען —
און עס ברענט שוין אלץ צוזאמען...

# אין דער נאַכט.

עס לעשן זיך איינס נאָכ'ן צווייטן די שטערן,
פאַרשווינדן אין טיפקייט פון נאַכטיקן רוים ;
דער הימל ווערט שטרענגער, געדיכטער און טיפער
און קוקט אזוי שרעקנד, אזוי ווי א תהום...

אַ ציטריקער ווינטל פליט דורך אין דער נאַכט,
צוטראָגט אין דער לופט א פאַרטרויליכן סוד ;
עס נעמען אים אויף די ביינאַכטיקע גייסטער —
און שטיל בלייבט די וועלט, ווי פארזונקען אין טויט...

נאָר פלוצלונג רייסט איבער די שטילקייט אַ קרעכץ,
א שמערצן-געשריי גיט א בליץ פייער-רויט,
עס ברענגט זיך צוטראָגן א סאָפּען אַ הייסער,
ווי ס'וואָלט זיך געראנגלט א מענש מיט'ן טויט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטיל, ווי אָן אָטעם, בלייבט שוויגן די וועלט ;
א ציטער גייט-דורך דורך דער עלנטער נאַכט ;
איינזאם פארטוליעט זי זיך אין דער פינסטער
און הערט נאָר דאָס קרעכצן פון בלוטיקן שלאַכט...

# אין קריג.

## I.

עס ציען זיך שטרעקעס אװעק אין דער װײטנס
פֿאַרשװינדענדע־לאַנגע און אומענדלאך־ברײטע,
פֿאַרלאָזענע װיסטע, פֿון קײנעם באַװאױנטע,
געמישט זיך מיט פֿעלדער שױן לאַנג ניט געזײטע.

עס שטאַרצט װאו א בױם א פֿאַרטרױערטער שטומער
מיט דאַרע און טריבע פֿאַרטריקנטע צװײגן —
עס איז אױף אים אײנמאָל געשען עטװאָס שרעקלאכס,
און ער איז פֿון דאמאָלסט פֿאַרזונקען אין שװײגן.

עס שװײגט װאו א חורבה אנ׳אײנזאם־פֿאַרטראַכטע,
װאָס װאַרפֿט פֿון זיך שאָטנס פֿאַרהילטע אין אימה,
עס שטײט װאו א שטיבל מיט לאָדנס פֿאַרמאַכטע,
פֿאַרבאָרגן א סוד אין די װענט די געהײמע.

עס הערשט דאָ אַ שטילקײט אַ פֿײנלאַכע שװערע,
װאָס אָטעמט מיט שרעק און מיט ציטריקן טרױער,

עס ציען די פעלדער זיך עלנדע טריבע,
עס שפּרייט זיך פון אויבן א הימל א גרויער.

קיין פויגל, קיין חיה, קיין צוג פון קיין אָטעם,
פאַרשאָלטן דאָס אָרט איז און עלנד־פאַרלאָזן,
עס מיידט אויך אפילו דאָס ציטריקע ווינטל
דעם טריב־וויסטן אָרט אוים און וויל דאָ ניט בלאָזן.

עס האָט דאָ דער טויט אויף זיין וועג דורכגעריטן,
געלאָזן נאָך זיך האָט דעם שרעק פאַר א צייכן —
און ס'צאַפּלט זיין אָטעם אין לופטן און פלאַטערט
און ציטערט אין טרויריקן רוים אין דעם בלייכן.

## II.

ציען פעלדער ווײטע ברײטע,
פוסט און וויסט אין אלע זײטן,
און אַ שטילקײט רוט אַ טויטע,
ווי באַהערשט פון אלטע צײטן.

אויף א בערגל ניט קײן הויכן,
ווי פארטראכט אין טיפע וועלטן,
שטײט א ברעטל פאר א צײכן,
אז דאָ ליגן גרויסע העלדן.

ס'שלאָפן רואיק די קרבנות,
מיד פון קאמף פון לאַנגן שווערן:
ס'רוען שטיל דאָ די נשמות —
ס'קאָן די רו זײ קײנער שטערן.

נאָר די קערפּערס ווי פארשאָלטן:
ס'זוכן אום זײ שוואַרצע ראָבן;
פון געשרײ די לופט צושפּאָלטן,
און זײ גראָבן, און זײ גראָבן...

# דער זיג.

...און העלדיש און שטאָלץ וועלן קוקן די קריגער
ביים אומקער אין שטאָט נאָכ'ן שרעקלאכן קריג ;
פאַרמאַטערטע, בלאַסע, דאָך פרייע באַזיגער —
און רייך און מיט ברייטקייט באַלוינט ווערט דער זיג...

די גאַסן פאַרפּוצטע אין גרינס און אין פאָנען,
דער עולם איז גליקלאך און דריקט אוים זיין פרייד ;
געזיכטער צושטראַלטע אָן זיג נאָר דערמאָנען —
און פריי ווערט צוגאַסן דער יום־טוב און ברייט...

אַ קלינגען פון לידער לכבוד די זיגער,
אַ ווילדער עקסטאַז פאַר די מוטפולע העלדן —
און אויסרופן הייסע באַווייען די קריגער
און טראָגן אוועק זיי אין פאַרב־רייכע וועלטן...

---

...און שטיין אָן אַ זייט וועלן מוטערס פאַרוויינטע,
נישט נעמען קיין אָנטייל אין עולמ'שער פרייד ;

די ליפּן פאַרדריקטע, די הערצער פאַרשטיינטע —
נישטאָ איז קיין טרער, נישט פאַר גליק, ניט פאַר לייד...

אויך זייערע קינדער אוועק אין דער שלאַכט
צו רייסן די קרענץ פון נצחון און מוט —
פאַרראַטן האָט אָבער דער גאָט זיי פון מאַכט:
אלס קרבן געפּאָדערט דאָס יונג-הייסע בלוט...

און ס׳וואַרפן די הערצער א קללה א ווילדע,
א קללה פול צאָרן און גיפטיקן כעס —
א קללה די קריגער, א קללה די זיגער,
די אלע וואָס זייען נאָר טרערן און האַס...

## ביים טעמפל.

פארשלאָסענע שטייען די טירן פון טעמפל
און לאָזן קיין מענשן אהין ניט אריין;
עס צאַנקט ביי דעם עמוד אנ׳איינזאמער לעמפל
און ווארפט אין די זייטן א טונקעלן שיין.

עס זיינען געקומען די מענשן דאָ בעטן,
אין ווארימער תפילה דעם הארץ-וויי צו שטילן:
עס ליגט זייער האָפנונג באליידיקט, צוטראָטן,
און ס׳ליגן געשענדעט די בעסטע געפילן.

פארטראָגן אין ווייט האָט דער פלוס פון די שטרוימען
די צארטסטע פארלאנגען און הייליגסטן ציטער;
צוזייט האָט דער שטורעם די איידלסטע טרוימען,
פארניכטעט אין ברויזנדן ווילדן געוויטער.

און מידע צובראָכענע זיינען געקומען
די מענשן צום טעמפל א טרייסט דאָ געפינען,
אין ווארימער תפילה, אין בעטן אין פרומען
פאר גייסטער צובראָכענע רו צו געווינען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פארשלאָסענע שטײען די טירן פון טעמפּל
און לאָזן קײן מענשן אהין ניט ארײַן;
עס צאַנקט בײַ דעם עמוד אנ׳אײנזאמער לעמפּל
און װאַרפט אין די זײַטן א טונקעלן שײַן.

און יאוש־פול שטײען בײַם טעמפּל די מענשן,
װאָס זײַנען געקומען א טרײסט דאָ צו זוכן —
עס בענקען די הערצער נאָך געטלאַכן בענשן,
נאָר ס׳קרימען די ליפּן זיך גיפטיק און פלוכן...

# בײם ברעג ים.

עס זיצן זיך מענשעלאך פרײלאכע זאַטע
און קוקן אין װײטקײט פון ים;
עס שפּילן זיך גלאַנציק די כװאַליעס די גלאַטע
און ס׳גליט דאָרט די זון װי א פלאַם.

ס׳איז רואיק און שטיל, ס׳איז מונטער און פרײלאך,
די אויגן נאָר שײנקײט באגעגנען;
עס קעניגט דער ים אַרום שטאָט װי אַ מלך
די גליקלאכע לײט טוט ער זעגנען.

זײ װאַרפן אין װײטנס שטאָלץ־פולע בליקן:
דער ים איז פאר אונז נאָר באַשאפן;
זײן גרויסקײט, זײן שטילקײט — אַ בילד ביז אַנטציקן! —
נאָר אונז טוט עס דינען, פארגעניגן פארשאפן.

---

עס זיצן דאָרט מענשן אויף הונגעריק־בלײכע:
א גאנצענעם טאָג ניט געגעסן;

זיי ליגן, ווי מיד, אויף די גראָז אויף די ווייכע —
דעם ביטערן הונגער פאַרגעסן.

עס טונקלען די אויגן פאַר מידקייט, פאַר נויט,
עס חלש'ט דאָס האַרץ שוין פאַר שלאָפקייט;
אָ, — טרוימען די אויגן — אַ שטיקעלע ברויט...
די זון — זי אַנטלויפט אין דער ווייטקייט.

זיי וואַרפן אין ווייטנס שטאַר־מידע בליקן:
דער ים איז פאַר אונז ניט באַשאַפן;
די שטאַרקע, געזונטע — זיי טוען אונז דריקן,
ביי אייגענע ברידער — מיר שקלאַפן.

* *
*

עס זינקט איין דער ים אין פאַרנאַכטיקן דרימל
און קלייבט זיך צו נאַכטיקער רו;
ס'דערוויטערט די זון זיך פון העל־בלויען הימל
און לאָזט זיך צו מעריב זייט צו.

ס'באַווייזן זיך וואַר־ערגעץ איינזאַמע שטערן,
וואָס וואַרפן מיט גאָלד־בלאַסע שטראַלן;
פון ערגעץ אַ נאָענטן בוים לאָזט זיך הערן
דעם נאַכטיגאַלס טרעלן, וואָס פאַלן.

און טרויעריק שליסט איין דער ים אלע בליקן
פון נויט אָן אַ שעור און פון פריידן —
ס׳דערציילן נאר איינצעלנע בלויז דאָרט פון גליקן
און טויזנטער גאַנצע פון ליידן...

## טרערן.

טרערלאך־
פערלאך —
לויטערע שטערעלאך —
ווער האָט אייך הייסע פארגאָסן?
הערצער פארקלעמטע,
פון לעבן פארשעמטע —
וואָס האָבן גאָר קיינמאָל
קיין פרייד ניט גענאָסן?

טרערלאך־
פערלאך —
גאָלדענע שטערעלאך —
ווער האָט אייך הייסע פארלאָרן?
קינדערלאך קליינע,
נשמה׳לאך ריינע —
וואָס זיינען פון לעבן
פאַרשטויסן געוואָרן?

טרערלאך־
פערלאך —
האַרציקע שטערעלאך —
קלייבט זיך אויף אלע צוזאמען!

און רײַסט זיך אין הימל
און וועקט דאָרט פון דרימל
צוגיסט זיך אין שטורמישע ים'ען.

עס האָט שוין קיין ברעג ניט דאָס מענשלאַכע לײַדן,
וואָס צאַפּלט און בלוטיקט אין וואונדן,
און ווײַטאָקט פון שאַנדע און באָדט זיך אין טרערן —
וואָס ווערן אין אָפּגרונט פאַרשוואונדן...

טרערעלאך־
פּערעלאך —
ליכטיקע שטערעלאך —
קלײַבט זיך אויף אַלע צוזאַמען!
און רײַסט זיך מיט שטורעם
און וואַרפט אײַן דעם טורעם —
און צינדט־אָן דעם הימל אין פלאַמען — — —

# ערד און הימל.

פרעגסט, מיין קינד, וואָס וויינט דער הימל
און פארגיסט אזוי פיל טרערן —
עס באקלאָגט די ע ר ד דער הימל
אויף איר מזל אויף דעם שווערן.

פון איין פאָטער — ברודער־שוועסטער,
אין איין וויג געוויגט זיי ביידן —
און ס׳וואַכט־אויף אין פ ר י י ד דער הימל,
נאָר די ערד פארגייט אין ל י י ד ן.

און עס קרעכצט די ערד פון שווערקייט,
בעט נאָך הילף אין אלע זייטן —
און זי ווענדט איר בליק צום ברודער,
צו דעם הימל צו דעם ווייטן.

און עס וויל דער הימל העלפן
אין זיין מיטלייד אין דעם טרייען,
ר׳וויל די ערד פון אירע ליידן,
פון די שווערע זי באפרייען.

אבער װײַט איז ער און שװאַך איז,\
ר'קאָן נאָר לײַדן שטיל און ש װ ײַ ג ן —\
דאַן הױבט אָן ער ביטער װײנען\
און מיט דעם זײַן מ י ט ל ײַ ד צײגן — — —

. . . . . . . . . . . . .

פרעגסט, מײַן קינד, װאָס װײנט דער הימל\
און פאַרגיסט אַזױ פיל טרערן —\
ס'באַקלאָגט די ע ר ד דער הימל\
אױף איר מזל אױף דעם שװערן...

* *
*

קאַפּעט, קאַפּעט, טראָפּנדלאַך,
טריפט פון גרויען הימל,
וויגט אין שלאָף די מענטשן איין,
הילט די וועלט אין דרימל.

יאָגט אָן טריבע וואָלקנדלאַך
אויף דער ערד דער גרויער,
וואַרפט אויף איר אַ שאָטן אָן,
הילט זי איין אין טרויער.

טריב פאַרדעקט דעם שמייכל איר,
טרייבט דאָס בלאַסע האָפן —
זאָל די ערד פאַרזינקען טיף
אין אַ מידן שלאָפן.

ס'איז די וועלט פון לעבן מיד,
טעמפּ פון שווערעליידן,
ס'איז די ערד פון צער שווער,
טריב פון בלאַסע פרייידן.

ס'ליידט די וועלט אין קנעכטן־יאָך,
שמערצט אין גרויע זאָרגן,
קלעמט אין שטיל איר שמערצן־וויי,
האַלט אים טיף פאַרבאָרגן.

. . . . . . . . . . . . .

קאַפּעט, קאַפּעט, טראָפּנדלאַך,
טריפט פון גרויען הימל,
לאָזט דער וועלט איר וויי פאַרגיין
אינ'ם מידן דרימל...

# אויפ'ן וועג.

ס'איז פינסטער, ס'איז נאַכט.
אליין אויפ'ן וועג בלייב איך שטיין
און איך טראַכט:
וואוהין זאָל איך גיין?

ארום און ארום איז אלץ אזוי טויט,
אזוי ווי עס וואָלט א בית-עולם געווען;
די ווייט איז מיט איינזאמע בערגלאך פארזייט
ס'איז אָבער קיין הייזל אין ערגעץ צו זען.

וואוהין זאָל איך גיין, וואוהין זאָל איך קערן? —
צו רעכטס איז אַ בלאָטע און לינקס איז אַ גרוב...
דער הימל איז פינסטער — ניטאָ קיין איין שטערן,
וואָס זאָל מיר באלויכטן דעם פינסטערן וועג
און פירן און ווייזן א ליכטיקע שטוב...
ניטאָ איז קיין שפור פון קיין מענשלאַכער שטעג...

אליין אין דער פינסטערניש טאַפּ איך און זוך
א פונק פון א טליענדיק פייער,

ר'זאָל לאַקן און ציען אין ווייטקייט צו זיך
מיט גלויבן און האָפענונג נייער...
נאָר שטיל איז די נאַכט, ווי געהיימניספול שטיל,
פאַרזונקען אין שווייגן אין קאַלטן —
און עפּעס פון ערגעץ אַ ווייטער געפיל
פאַר'גנב'עט זיך טיף־טיף אין הארצן
און עקבערט דאָרט שטעכיק און ווייטאָקט מיט שמערצן:
אומזיסט, מענש, דיין זוכן, אומזיסט איז דיין שטרעבן,
געשטאָרבן איז אלעס — אוועק,
ניטאָ דאָ קיין שפור פון קיין מענשלאכן לעבן —
פאַרשאָטן דער ריכטיקער וועג — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און אליין
בלייב איך שטיין
אין דער פינסטערער נאַכט
און טראכט:
וואוהין זאָל איך גיין?

ס'איז סומנע; ס'איז שטיל;
ס'איז שרעקעדיק־שטום. —
וואוהין זאָל איך גיין?
אז פינסטער און וויסטיק איז אלעס ארום...

# אין שווערע צייטן...

...און שניידט ווען א פויגל די לופט וואו אדורך,
דערשיסט עס א יעגער שוין באַלד —
א פריידיק געזאַנג ווערט אין טרויער פאַרקערט,
און עלנטער ווערט דער פאַר'יתום'טער וואַלד...

...און שיקט ווען די זון אויף דער ערד אירס א שטראַל
צו ווייכן די הערצער אין זוניקן ברען —
פאַרהילן די וואָלקנס אין שאָטן אים גלייך,
און ס'בלייבן די הערצער פאַרשטיינט, ווי געווען...

...און שלאָגט וואו אין ערגעץ א קוואַל נאָך א פריש
צו לעשן דעם דורשט פון צוגאָסענעם פלאַם —
פאַרטראָגן די ווינטן אין זומפּן אים באַלד,
און ס'שלאָגט פונ'ם קוואַל שוין מיט פעסטנדן סם...

...און וואוינט וואו אין ערגעץ א נביא, א דיכטער,
וואָס שטראָפט בייז און שעלט און באַלויכט מיט זיין שיין—
פאַרשטיינט ווערט דאָס האַרץ אים, פאַרשטומט זיינע ליפּן,
און ס'צאַפּלט די וועלט אין פאַרצווייפלונג און פּיין...

## פ ו נ ק ע ן.

אין די ברייטע ווייטן
פון דער וועלט צושפּרייט
ליגן דאָ און דאָרט צעוואָרפן
אַלטע וויסטע הורבות.

און אַהינטער יעדער חורבה,
ערגעץ ווייט אַרונטער מיסט,
טליען בלאַסע, שטילע פונקען,
אָן אַ פלאַקער, אָן אַ שיין...

קיינער זעט זיי ניט
און קיינער שרעקט זיך ניט,
ווייל ווייט אונטער די בערגלאַך דאָרט
ליגן זיי פאַרשטעלט פון מיסט.

נאָר זעלטן ווען אַ בערגל ווייט
טרייסלט־אויף זיך אין אַ נאַכט —
גלאַנצט אַרויס דער בלאַסער פונק
און ס'צובלאָזט דער ווינט אים העל...

...און איינמאָל אין א נאכט א פינסטערער,
א הערבסטיקער, א שטורמיקער,
ווען דער ווינט וועט זיך צובלאָזן —
וועט ער אויפטרייסלען די בערגלאך מיסט
און אַרויסברענגען די ווייטע פונקען.

און יעדער פונק, פון ווינט צובלאָזן,
וועט צוגליען אין א פלאַם זיך העל,
און עס וועלן אלע פונקען
זיך צופלאקערן צוזאמען.

און אויסברעכן וועט דאַן אַ שרפה
אַ העלישע, אַ צונטערע,
וואָס וועט די גאַנצע וועלט פארניכטן
אין אירע כוואַליענדיקע פלאַמען...

## דער צאָרן.

מיר ברעכן, מיר ברעכן מיט צאָרניקן שטורעם
די אײַזערנע װענט פון'ם פינסטערן טורעם,
װאָס האָבן אונז יאָרן געהאַלטן געפאַנגען,
געקלאַמערט דעם הײליקן צאָרן אין צװאַנגען —
מיר ברעכן, מיר ברעכן...

מיר רײַסן אין פלאַמענדן צאָרן אין רױטן
די קנעכטישע צײכנס, די שקלאַפּישע קײטן,
פאַרבלוטיקטע בענדער פון טיף־שװערע װאונדן,
װאָס האָבן דעם װײטאָג געהאַלטן געבונדן —
מיר רײַסן, מיר רײַסן...

---

עס טראָגט זיך פון װײַטנס אַ צאָרניק געװיטער,
װאָס ברענגט מיט זיך שטורעם און אָטעמט מיט ציטער,
צעבלאָזט אַלע שטערן אין העלישע פלאַמען,
צעגיסט אַלע טײַכן אין שטורמישע ים'ען.

עס ברענט שױן, עס ברענט שױן אין מזרח דער „דאָרן",
װאָס שפּריצט מיט נקמה מיט הײליקן צאָרן —

עס האָט אים דער פלאַם פון די ליידן געצונדן,
צופלאַקערט דאָס בלוטיק געשריי פון די גרונדן.

עס טראָגט זיך, עס טראָגט זיך אַליץ נענטער דער שטורעם,
עס קנאַלן די ווענט שוין פון פינסטערן טורעם,
עס פליען די פונקען פון הייליקן „דאָרן",
עס ברויזט מיט נקמה דער מעכטיקער צאָרן...

# דער מארש.

ניט געשראָקן, ניט צושפּליטערט
ציט דער רויטער לעגיאָן,
ניט באַהאַלטן, ניט געציטערט,
פלאַטערט פריי די רויטע פאָן.

ס'ציט די מחנה שטאָלץ און מוטיק,
גרייט צום לעצטן שווערן קריג —
ס'וועט א שלאכט זיין היים און בלוטיק,
דאָך ווי זיכער איז דער זיג!

ס'שרעקט ניט אָפּ דאָ קיין זאך קיינעם —
יעדער איינער איז אַ העלד;
ס'שטייען טויזנטער פאר איינעם
גרייט באַשיצן פאר א וועלט.

און אין יעדנס בליק דעם פעסטן
ווי א שטאָלצער פייער ברענט:
וואָלט נאָר ווער זיך פרואוון מעסטן,
וואָלט ער גלייך מיין קראפט דערקענט.

. . . . . . . . . . .

ניט געשראָקן, ניט צושפּליטערט
ציט דער רויטער לעגיאָן,
ניט באַהאַלטן, ניט געציטערט
פלאַטערט פריי די רויטע פאָן.

ס'ציט די מחנה שטאָלץ און מוטיק
גרייט צום לעצטן שווערן קריג —
ס'וועט אַ שלאַכט זיין היים און בלוטיק,
דאָך ווי זיכער איז דער זיג!

# דער קאמף.

...און וועט אינ׳ם קאמף אינ׳ם שווערן דער שונא
פֿרויס אויף אַ ווײַלע מיט זיג פון דער שלאַכט:
פֿאַרהילן די ערד וועט אַ ראָב־שוואַרצע נאַכט —
ערוואַכן וועט ווידער דער הייליקער גלויבן
אין לעצטן געראַכטן און רום־פולן זיג—,
און ס׳פלאַקערט פֿאַרנאַנדער אויף ס׳ניי זיך דער קריג...

...און וועט אינ׳ם קאמף אינ׳ם לאַנגן דער הימל
זיך פלוצלונג מיט וואָלקנס געדיכטע באַדעקן,
מיט וואָלקנס וואָס דראָען פון אלע פיר עקן —
עס וועלן די וואָלקנס אין שטורעם צערינען
אין קראַכנדן דונער און בליצנדן פײַער—,
און פרישער וועט ווערן די לופט דאַן און פרייער...

---

...עס פלאַקערט דער קאמף מיט א שטורמישן אימפעט,
מיט צאָרניקן וואוט און מיט בייטנדן גליק —
עס רייסן די כוואַליעס די דאמבע די פוילע
און ס׳בויט איבער זיי זיך אַ גאָלדענע בריק...

משה סטרוגאטש

# אין פלאמען...

עס פלאקערט איצט די וועלט
ארומגעכאפט פון פלאמען...

מיט א ווילדן אימפעט
לויפן פייערדיקע צונגען,
ווי צעשווימטע כוואליעס
פון צורייצטע ווילדע ים׳ען,
און טרעפן וואס נאר אן
אין זייער ווילדן לויפן —
ווערט עס גלייך פון זיי
אין זייער פייער-מויל פארשלונגען.

עס טראגן זיך
צו די ווייטע הימלען הויך
שווארצע וואלקנס שווער
מיט שטיקענדיקן רויך,
און ס׳ווערט די גאנצע וועלט
איין גרויסער ים
פון רויך-כוואליעס
און ברויזנדיקן פלאם.

עס קנאַלן דונערענד אַפּ אויפרייסן
אין פייערדיקן שטורעם,
עס קרעכצן שווער די ווענט
פון אַ צופאַלנדיקן טורעם,
און זיילן מעכטיקע,
וואָס האָבן נעכטן אונטערשטיצט,
פּאַלאַצן פּרעכטיקע
מיט זייער קראַפט באַשיצט,
ווערן אומגעשליידערט
און צושמעטערט איצט...

...און ס'שטייען טויזנטער ביים זייט —
פון דער ווייט —
און ברעכן מיט די הענט,
קוקנדיק מיט שרעק און אַנגסט
אין העליש-פלאַמענדיקן צונטער :

„געוואַלד,
אַ וועלט אַנ'אַלטע ווערט פאַרברענט,
אַ וועלט אַ גאַנצע
גייט דאָך אונטער"...

* *
*

היי, ברידער אַרבעטער —
ניט געשראָקן !

און אַן זאָרגן
פאַר'ן קומענדיקן מאָרגן
נאָכ'ן חורבן פון דער וועלט...

עס האלט דער אונטערגאַנג
שוין טיף פאַרבאָרגן
אין זיין שוים
דעם זוימען פון דעם אויפגאַנג,
און ס'טראָגט אין זיך
דער חורבן־שטורעם
פאַר'ן אויפבוי שוין
אַ צוגעגרייטן פורעם...

* *
*

נון, חברים אַרבעטער —
צו דער אַרבעט גיכער!
פאַר אַ נייער פרייער וועלט
מוטיק, שטאָלץ און זיכער...

דער גרעבער מיט זיין רידל,
דער בויער מיט זיין דלאָט,
דער מוליער לעגט די ציגל —
און פאַרטיק ווערט אַ שטאָט...

אוּן ס׳וואַקסן־אוּים דורך נעכט
פּאַלאַצן גאָלדן־פּרעכטיקע,
פאַר די באַפרייטע קנעכט,
פאַר די שקלאַפן נעכטיקע...

*   *
*

...און פונ׳ם רויט פון פלאַמען־ווילד
שיינט אַרויס די וועלט די נייע:
פאַר אַלע גלייך אַ זונען־וועלט
אַ גליקלאַכע, אַ פרייע...

# אַ נייע וועלט...

אין דונער־קנאַל, אין בליצן־בלענד,
אין פינסטער־נאַכט, אין שטורעם־רויש,
אין ווילדן הימל־ערד־געמיש,
אין שדים־טאַנץ און טייוול־לאַך
אַנ'אַלטע וועלט פאַרלאָרן ווערט —
אַ נייע וועלט געבאָרן ווערט.

אַ נייע וועלט, אַ נייע וועלט!

אין שרפות־העל, אין פלאַמען־ליכט,
אין פייער־רויט און רויך־געקנויל,
אין פלייש־געררוך פון מענשן־בלוט,
אין וואָלף־געהייל און קראָען־פעסט
אַנ'אַלטע וועלט פאַרלאָרן ווערט —
אַ נייע וועלט געבאָרן ווערט.

אַ נייע וועלט, אַ נייע וועלט!

אין שלאַנגען־גיפט און מענשן־האַס,
אין קינדער־מאָרד און מוטער־שאַנד,
אין אנגסט־געשריי פון טויטן־שרעק,

פאַרצווייפלונגס־גרויל און יאוש־טעמפּ
אַנ׳אַלטע וועלט פאַרלאָרן ווערט —
אַ נייע וועלט געבאָרן ווערט.

א נייע וועלט, אַ נייע וועלט!

---

...און פון אַהינטער טויטע בערג
פון וויסטע חורבות, אַש און פּגרים,
וואו אין שטילקייט נאָר נשמות
צווישן ערד און הימל שוועבן —
שיינט אַרויס א נייע זון
מיט גליק באַקרוינט, מיט פרייד באַהעלט
און וועקט די ערד צום נייעם לעבן —
און שאַפט און בויט א נייע וועלט —

אַ נייע וועלט, אַ נייע וועלט — — — —

# ד ע ר נ ב י א.

...און ווען געלעגן איז די ערד
פאַרהילט אין אָנמאַכט פון פאַרצווייפלונג,
מיט א שוואַרצן בליק פאַרצויגן:
וואו א קאָפּ — איז ער געבויגן,
וואו א בליק — איז ער פאַרלאָשן,
וואו א האָפענונג — צופלאָסן,
וואו אַ טרוים — איז עס צערונען
און פאַרלאָשן אלע זונען —
נאָר ווי שאָטנס, ט ו י ט ע שאָטנס
שלייכן־אום אין שטילקייט מענשן
הילפלאָז, עלנט און צובראָכן,
ניט צו פלוכן, ניט צו בענשן,
שווייגן שטיל און זיפצן טיף
און בלאָנקען־אום אין מרה־שחורה — — — — — — — — —

און דער הימל טריב פאַרצויגן,
גרוי פאַרוואָלקנט, שטייף און פרעמד,
איינגעהאַלטן, שטום און שווייגנד:
ניט צו ווענדן, ניט צו בעטן — —

און די טרייסט, די ל ע צ ט ע טרייסט,
טיף פון הארצן אויסגעריסן,

און געבליבן איז אין ל ע ב ן
נאָר אײן האָפענונג: דער ט ו י ט —

ערשינען איז דער נביא דאָן
אין תהום פון יאוש און פארצװײפלונג
מיט א פנים לויטער, געטליך,
מיט א בליק פול קראפט און ליבע,
מיט א העליש-הײסן גלױבן
אין זײן רײנעם הארץ געטראָגן;
מיט א זון, װאָס לײכט און װארעמט,
שנײדט אדורך דעם גרױען חושך
און באװײזט א װעג צום גליק, —
ערשינען איז דער נביא דאן
מיט זײן לויטערער נשמה
און געװאָרפן צו דעם פאָלק עם — — .

...און א װאונדער איז געשען:
אין דעם פינסטער-שװאַרצן טאָל פון יאוש
אױפגעשײנט א זון האָט פלוצלונג
און פארגאָסן מיט איר ליכט-שײן
אלע גרױע ענגע רױמען
און געשיקט אין יעדן װינקל
אירס א זון-גאָלדענעם שטראל.

און וואו א הארץ האָט נאָר געקלאפּט,
דערשפּירט האָט עס א וואַרימקייט,
און יעדנס בליק אין יעדנס אויג
געקוקט האָט מונטער פריש און גליקלאך
און יעדנס הארץ האָט הײם געקלאפּט
מיט ליבע און מיט גלויבן...

---

...און פאַרהילכט די לופט האָט פּלוצלונג
א פריידן-שאַל, א פרייד-געשריי
פון מענשן-מאסן גליקלאכע,
וואָס האָבן זייער פרייד צוריק
נאָך יאוש-לאַנג געפונען...

---

...און ערוואַכט האָט דאַן די ערד
פון יאוש-לאַנגן טרויער
און פאַרבליט מיט יוגנט-קראפט
מיט יוגנטלאַכן גלאַנץ...

---

...און צוטראָגן אויף דער ערד זיך
האָט א הילכיקער געזאנג
פון פרייד און ליבע און פון גלויבן,
וואָס דער נביא האָט געבראַכט
פאר די מענשן א מתנה...

## אין יענע שטורעמדיקע טעג...

אין יענע שטורעמדיקע טעג,
אין יענע שטורעמדיקע צייטן
פול הייליק-פירכטערלאכן שרעק —
ווי שטערן גלאנצן זיי פון ווייטן.

אין יענע שטורעמדיקע טעג
פון אויסברוך מעכטיקן פון פאָלקס רעוואָלט
און צאָרן —
מיט אותיות גאָלדענע געקריצט
פאַרבלייבן וועלן זיי אויף אייביק אין זכרון.

---

ווען דאָס פאָלק פאַרשטיקט ביז אָנמאַכט
פון דעם דריקערס שווערן יאָך
און זיך ראנגלענדיק פאַרצווייפלט
האָט געפרעגט: ביז וואַנען נאָך?

ווען אין שרעקלאַכקייט פון ליידן
האָט געטראַכט זיך: בעסער טויט...
און אין צושטאַנד פון פאַרצווייפלונג
איז אויף אלץ געווען גרייט;

ווען אין לעצטן שמערץ־געראַנגל
האָט באַקומען נייעם מוט,
און באַשלאָסן מער ניט דולדן
ניט דעם דריקער, ניט זיין רוט;

און וואָס ווייטער מער אַנטשלאָסן
גאַנץ באַפרייען זיך געוואָלט,
און אַרויסגעשטעלט האָט אָפן
פאָן פון אויפשטאַנד און רעוואָלט —

אין יענע שטורעמדיקע צייטן,
אין יענע שטורעמדיקע טעג,
האָט ערוואַכט דאָס פאָלק אין גלויבן
און אין העלדישקייט אָן ברעג.

ס'האָט צוטראָגן דאַמאָלסט ברייט זיך,
איבער באַרג און איבער טאָל,
און צוקלונגען און צושפּרייט זיך
אַזאַ דרייסט און מעכטיק קול;

און גערופן די וואָס שקלאַפן
צו דעם קאַמף און צו דעם קריג,
אין די הענט מיט בלאַנקע וואַפן
אויסקעמפן פאַר זיך דעם זיג;

און גערופן די וואָס שמאַכטן
צוצובראָכן זייער וואַנט,
און אין צאָרן־פלאַם פאַרניכטן
אי די קייטן אי די שאַנד —

ס׳האָט דער קול דאַן אָפּגעקלונגען
וואו א שקלאַף איז נאָר פאַרשטעקט,
און אין האַרץ אים טיף געדרונגען
און גערופן און געוועקט.

ס׳האָט דאָס פאָלק — אַלע ווי איינער —
דאַן צום קאַמף זיך גלייך געשטעלט,
און געווען איז דאַמאָלסט קיינער
בלויז א קעמפער — נאָר אַ העלד.

ס׳האָט דאַן יעדערער באַזונדער
מוט געוויזן, שטאָלץ און קראַפט,
און געשאַפן האָט א וואונדער
ס׳פאָלק — וואָס ערשט געווען פאַרשקלאַפט.

און כאָטש לאַנג האָט זיך געצויגן
יענער שווערער לעצטער קריג,
האָט ער אָבער זיך פאַרענדיקט
מיט׳ן פולסטן רייכסטן זיג.

און כאָטש לאַנג האָט זיך געצויגן
יענער שווערער לעצטער שטרייט,
האָט דאָס פאָלק אָבער פון קנעכטשאַפט
ענדלאַך דאָך זיך גאַנץ באַפרייט.

---

אין יענע שטורעמדיקע טעג,
אין יענע שטורעמדיקע צייטן,
פול היילִיק-פּירכטערלאַכן שרעק —
ווי שטערן גלאַנצן זיי פון ווייטן.

אין יענע שטורעמדיקע טעג
פון אויסברוך מעכטיקן פון פאָלקס רעוואָלט
און צאָרן —
מיט אותיות גאָלדענע פאַרקריצט
פאַרבלייבן וועלן זיי אויף אייביק אין זכרון.

## ארץ אל תכסי דמי...

אָ, ערד, זאָלסט מיין בלוט ניט פאַרדעקן! —
דאָס בלוט פון פארשטומטע אין טויט;
ניט איינזאפּן זאָלסטו די פלעקן,
וואָס שרייען פון דיר גלוטיק־רויט...

ניט איינזאפּן זאָלסטו די פלעקן,
וואָס ברויזן מיט צאָרן און וואוט —
די טראָפּנס זאָלסטו ניט פאַרמעקן,
דעם זכר פון טייכן מיט בלוט...

דעם זודיקן גלוט פון געפילן,
וואָס ערשט נאָכ׳ן שווידער־געשעכט,
וואָס צאפּלט און קאָן זיך ניט שטילן
און מאָנט נאָר — נקמה און רעכט...

אָ, ערד, זאָלסט מיין בלוט ניט פאַרדעקן,
מיין בלוט, וואָס אויף דיר איז פאַרשפּריצט —
אויף אייביק זאָלן בלייבן די פלעקן
פאַר הימל און זון אויסגעקריצט...

ס'זאָל שטעכן די מענטשן די אויגן
און לאַכן מיט שאנדע און שפּאָט:
אָט דאָס איז דער הייליקער גלויבן
פון אייער געוויסן און גאָט...

אין טריבע פאַרצווייפלטע זאָרגן
פון פינסטערער פעך־שוואַרצער נאַכט,
אין ראזאַוון שיין פון פרימאָרגן
צום טאָג צו דעם פרישן ערוואַכט...

אין שאל פונ'ם שרעקנדן שופר,
וואָס רופט צום פאַרניכטענדן קריג,
אין פעסט פאַר'ן העלדישן אייפער,
באַלויכטן מיט רום פונ'ם זיג —

מיר זיינען דאָך שטענדיק דער קרבן
פאַר זינד און פאַר העלדישן מוט — —
און ס'טריפט פונ'ם רויטן מזבח
דאָן אונזער פאַרגאָסענעם בלוט — — —

אָ, ערד, זאָלסט מיין בלוט ניט פאַרדעקן,
אין זון זאָל עס גלאַנצן העל־רויט —
און וואַרפן די מענטשן אין שרעקן
און טרייבן צו וואַנזין און טויט...

# דו, מזרח־לאַנד!

רוסלאַנד געווידמעט.

ווייט, גאָר ווייט, אין מזרח־ראַנד,
אויפ׳ן פאַן פון בונטע שטראַלן,
בלוטעט רויט א ליידענד לאַנד,
זון־באַקרוינט מיט העלדישקייט,
בלאַס־באַ׳חנ׳ט מיט הייליגקייט
פון מארטירערטום און טויט...
אך, דו ווייטעס, הייליק מזרח־לאַנד!

---

אינ׳ם פיין פון דיינע ליידן שווער,
אינ׳ם בלוט פון דיינע וואונדן־הייס,
טוליעסט־צו צו זיך צום הארץ געטריי
מיט דיין ווייכער מוטער־האנט
אלע עלנטע פאַרצווייפלטע,
אונטערדריקטע און באַליידיקטע,
פארפייניקטע פון שפּאָט און שאנד —
...איך בין איינער צווישן זיי —
זיי א מוטער מיר, דו לאַנד!

---

דורך דערנער־שטעגן, שטיינער־וועגן
בלוטעסטו דיין מדבר־וועג,
טראָגנדיק א טרוימען־גליק
פאַר די עלנדסטע פון מענשן־זין,
פאר די דערנידריקטסטע פון מענשן־שטאם —
טראָגסטו אין דער גהנום־וועלט
דאָס גליק פונ׳ם גן־עדן־לאַנד...
אך, דו וואונדערבארעס מזרח־לאַנד!

# לידער פון נעכטן און היינט.

לידער פון נעכטן און היינט ! —
לידער פוןליידן און צאָרן !
אין בלוטיקע שרעקלאכע נעכט
אין קראמפּהאפטע ווייען געבאָרן.

לידער פון נעכטן און היינט !
איינגעקריצט טיף אין זכרון,
געצייכנט מיט בלוט-רויטן טינט
באַהויכטע מיט ליידן פון יאָרן.

לידער פון נעכטן און היינט ! —
ס'ליגט אין אייך טיף שוין פאַרבאָרגן
דער זוימען פון קומענדע טעג,
דער קערן פון גליקלאכן מאָרגן...

# אינהאַלט: